# פרייער יידישער קלוב

FREE JEWISH CLUB

# אַ רוף צו דער יידישער עפנטלעכקייט

ניו יאָרק — 1950

19 West 27th Street

New York 1, N. Y.

# אַ רוף צו דער יידישער עפנטלעכקייט

ד ע ק ל אַ ר אַ צ י ע
פון דעם „פרייען יידישן קלוב"

נ י ו י אָ ר ק — 1950
19 West 27th Street
New York 1, N. Y.

# צו דער יידישער עפנטלעכקייט

## 1

דאָס יידישע פאָלק האָט פאַר די לעצטע יאָרן איבערגעלעבט אַ ריי אויפטרייסלענדיקע געשעענישן. דער אומקום פון מיליאָנען אייגענע ברידער האָט אַריינגעבראַכט צער און ווייטיג אין דער יידישער פאָלקס-נשמה. דער אויפקום פון מדינת ישראל, ווידער, האָט אָנגעצונדן נייע האָפענונגען אין אַ גרויסן טייל פון אונזער פאָלק. די ברייטע מאַסן איבער דער גאָרער וועלט האָבן זיך אָפּגערופן מיט ערנסט און אַקטיווער טאַט אויף אָט די ביידע פאַקטן אין אונזער לעבן. אַ געפיל פון נאַציאָנאַלער אחריות האָט זיך דערוועקט אויך אין אַזעלכע שיכטן פון פאָלק, וואָס זיינען ביז דעמאָלט געשטאַנען פון דער זייט.

אָבער — דאָס געפיל פון אחריות גייט ניט ווייט גענוג אויף צו בויען און באַפעסטיקן אונזער צוקונפט אין די תפוצות ישראל. עס איז אפילו פאַראַן אַ געפאַר אַז דאָ, אין די תפוצות ישראל, זאָל אונזער לעבן אַוועק אויף וועגן פון מאָראַלישער און גייסטיקער ענגהאַרציקייט און זאָרגלאָזיקייט. עס איז נויטיק אַרויסצוזאָגן מיטן פולן כח פון אמת, אַז עס באַדראָען אונז אַלץ מער סימנים פון דעגראַדאַציע. מען טאָר ניט שטיין ביי דעם אָנבליק פון אַזאַ צושטאַנד מיט געפילן פון יאוש, אָדער שווייגן אין פאַרצווייפלונג.

עס פאַרשפרייט זיך אַלץ מער אויף דער יידישער גאַס, אין דער פרעסע און אין די אינסטיטוציעס, די טענדענץ צו ווערן באַהערשט דורך איין איינציקער אידעע און באַוועגונג: פאַר ישראל. אָבער, אומאָפּהענגיק פון דעם ווי מען באַציט זיך צו ישראל, קען קיינער נישט באַהויפּטן

אַז ישראל מעג אָפּרוקן אַן אַ זייט אָדער פּאַרקלענערן דעם ווערט פון די 90% יידן וואָס לעבן אין די תפוצות ישראל. קיין יידישער ישוב לעבט ניט אין דעם זכות פון אַנדערע. יעדער געזונטער יידישער ישוב לעבט אין זיין אייגענעם זכות, ד. ה. אין זכות פון גאַנצן יידישן פאָלק און זיין איינהייטלעכער געשיכטע. דער קיום פון פאָלק ישראל וועט ווערן אָפּגעשוואַכט אויב זיינע יסודות וועלן ווערן אַרונטערגעשווענקט דורך די ניי-אויפגעקומענע טאָטאַלי־טאַרע לאָזונגען.

די יידישע עפענטלעכקייט האָט שוין אַ לאַנג־יאָריקע דערפאַרונג מיט אַ גייסטיקן און פּאָליטישן טאָטאַליטאַ־ריזם פון אַ גאַנץ אַנדערן מין. דאָס איז אַ טאָטאַליטאַ־ריזם אין נאָמען פון אַ סאָציאַלן, אַ קאָמוניסטישן אידעאַל. ער האָט דערפירט צום חורבן פון יידישן גייסטיק־קול־טורעלן לעבן, צו דער פּאַראַליזירונג פון יעדער יידיש־שעפערישער טעטיקייט אין ראַטן־פאַרבאַנד. מיר וואַרפן אָפּ דעם טאָטאַליטאַריזם אין אַלע זיינע אויסדרוק־פאָרמען.

דער טאָטאַליטאַריזם אויף דער יידישער גאַס קומט איצט צום אויסדרוק אין אַזאַ נאַציאָנאַליזם און אין אַזאַ „רעאַל־פּאָליטיק", וואָס זיינען ביז איצט ניט געווען באַ־קאַנט אין דער יידישער געזעלשאַפט. עס איז אַן אַגרעסי־ווער, גאווה׳דיקער נאַציאָנאַליזם וואָס באַזירט זיך אויף מלוכה־שיכרות און אויפן גלויבן אין דער מאַכט פון גע־וואַלט. די יידישע יוגנט ווערט אַריינגעצויגן אין יענעם שטראָם פון ענג־נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען וואָס האָט פאַרסמט די יוגנט פון אַנדערע פעלקער. נאָר דער־מיט קען מען דערקלערן וואָס, למשל, אין דער העכסט דעליקאַטער און פיינלעכער פראַגע פון די אַראַבישע פּליטים ווערט אַרויסגעוויזן אַ נישט־הומאַנע און קורצזיכ־טיקע גלייכגילטיקייט.

די הערשנדיקע ציוניסטישע ריכטונג וויל פאַרנעמען איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער אין דעם יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן. די יידישע פּרעסע ווערט אַוועקגע־

שטעלט אונטער איין גייסטיקער פירונג. זי גיט איינזיי־
טיקע אינפאָרמאַציע און אויפקלערונג (אפילו וועגן ישראל)
און זי דערלאָזט ניט קומען צום וואָרט אַנדערע יידישע
ריכטונגען און אידעען. אַ פרייע יידישע עפענטלעכע מיי־
נונג איז שוין כמעט ווי פאַרשוואונדען.

אַט די ריכטונג וויל אַלע יידישע פאַרדינסטפולע אי־
סטיטוציעס און מוסדות (די רעליגיעזע און וועלטלעכע,
די סאָציאַלע און קולטורעלע) אונטערוואַרפן צו דעם איינ־
איינציקן צוועק פון ישראל־אינטערעסן. זי ציט אָפּ פון זיי
סיי די מאַטעריעלע מיטלען סיי דעם אינטערעס פון יידישן
פאָלק, און דערמיט אונטערמינירט זי זייער ווייטערדיקע
עקסיסטענץ. ליידער מערקט זיך שוין איצט ווי אַ ריי
יידישע פאָלקסטימלעכע אינסטיטוציעס וואָס האָבן ביז
איצט אויפגעהאַלטן זייער איבערפּאַרטייאישן כאַראַקטער,
פילן זיך שוואַך אַנטקעגנצושטעלן זיך אַט דער אָנגרייפנ־
דיקער כוואַליע. אַ טייל פון זייערע פירער זיינען גרייט
צו גיין אויף גרויסע פּרינציפּיעלע פשרות, און זיי זעען
נישט אַז דערמיט גראָבן זיי אונטער דעם באָדן פון די
אינסטיטוציעס גופא.

אונטער דער אומשולדיקער פאָרם פון סימפּאַטיע און
הילף צו ישראל גייט אָן אומבאַמערקט אַ ליקווידאַציע פון
די יסודות אויף וועלכע דאָס גייסטיקע און סאָציאַלע
לעבן פון יידן אין די תפוצות ישראל איז געבויט. אַט דער
פּראָצעס פון זעלבסט־פאַרניכטונג מוז אָפּגעשטעלט ווערן
וואָס פריער. די חשיבות פון וואָרט, פון איבערצייגונג, פון
מענטשלעכער ווירדע מוז צוריק אויפגעשטעלט ווערן, לויט
די בעסטע טראַדיציעס אין אונזער גייסטיקער געשיכטע.

2

אָבער דערדאָזיקער פּראָצעס וואָלט קיינמאָל ניט
אַוועק אַזוי ווייט, ווען דער יידישער פאָלקס־אָרגאַניזם דאָ
אין לאַנד וואָלט ניט געוואָרן גייסטיק אָפּגעשוואַכט שוין
פון פריער. מיר טאָרן ניט זוכן די שולד נאָר ביי אַנדערע

באוועגונגען. עס איז אונזער אייגענע קאָלעקטיווע שולד, — די שולד פון יידישע וואָרט־פירער, שרייבער, דערציער, ארבעטער און פאָלקס־מענטשן. עס איז צו ווייניק געטאָן געוואָרן אויף צו שאַפן אַ קלאָרן און אויפריכטיקן יידישן נאַציאָנאַל־קולטורעלן באַוואוסטזיין, און אויף צו פאַר־בינדן אים מיט קלאָרער און אויפריכטיקער ט אַ ט.

עס איז פאַראַן אַ באַדייטנדיקע נעץ פון שולן פאַר קינדער, אָבער ווי זאָלן זיי געבן די קינדער יידיש וויסן און געוויסן ווען זיי הענגען אין דער לופט? ניטאָ קיין אָרגאַנישע, אינטימע פאַרבינדונג צווישן שול און יידיש היים, צווישן שול און נאָך־שול־בילדונג, צווישן קינד און דעם עלטערן דור. עס איז פאַראַן אַ ליטעראַטור און שריי־בער. אָבער נישטאָ קיין געזונטע פאַרלאַגן, נישטאָ קיין סיסטעמאַטישע פאַרשפּרייטונג פון ביכער. עס פעלט אַ ברייטע פאָרשונג־אַרבעט אויפן געביט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און יידישן מאַסן־לעבן אין אַמעריקע בכלל, עס פעלט אַ מוטיקער און פאַרייניקנדיקער ווילן אויף אַט די אַלע און אַנדערע געביטן פון יידישן גייסטיקן לעבן.

יידיש ווערט אויף יידישע פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענ־פאָרן אויסגעמיטן אויף אַן אומדערלאַזבאַרן אופן. יידישע עלטערן, וואָס ריידן קוים ענגליש, מיידן אוים צו ריידן מיט זייערע קינדער אויף יידיש; זיי האָבן ניט גענוג ווירדע און זעלבסט־רעספּעקט צו שטרעבן אַז זייערע קינדער זאָלן באַנוצן יידיש לפּחות ווי זייער צווייטע קולטור־שפּראַך. דער טיראַזש פון דער יידישער פּרעסע פאַלט בעת עס מערט זיך די צאָל יידיש־ענגלישע אויסגאַבעס, מיט ניט ערנסטן, פּראָפּאַגאַנדיסטישן און פאַמיליע־רעקלאַמע־מאַ־טעריאַל. יידיש טעאַטער וואָס איז אַמאָל געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה, לעבט איבער אַ שרעקלעכע ירידה. אין די אָפּיסעס פון די יידיש־דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס ווערט די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע און פּראַק־טישע אַרבעט געפירט אויף ענגליש. יידיש ווערט אויף שריט און טריט עפנטלעך און ניט עפנטלעך איגנאָרירט.

אויך דער פאַקט וואָס יידיש ווערט גרינגגעשעצט און האָט ניט די עפנטלעכע רעכט אין ישראל ווירקט צעשטערנדיק אויף דער לאַגע פון יידישן קולטור־לעבן אין די תפוצות ישראל.

און נישט נאָר וועגן יידישער שפּראַך גייט עס. דאָס אַרומיקע יידישע לעבן ווערט אַלץ מער באַהערשט פון אַ שיפלות־קאָמפּלעקס, אַן אומגלויבן אין די אייגענע פאָלקס־כוחות, אַ גרינגשעצונג לגבי די מעגלעכקייטן פון אַ גרעסערער גייסטיקער שעפערישקייט אין די תפוצות ישראל. אָפּגעשוואַכט איז דער קאַמף־לוסט און שאַפונגס־ווילן, אַ עבדות בתוך חרות באַהערשט אַלץ מער די יידישע באַפעלקערונג אין דער פרייער אַמעריקע. עס פעלט די עקשנות פאַר יידישן קיום און המשך, די אחריות אויפצוהאַלטן אונזער נאַציאָנאַל־קולטורעלע אייגנאַרטיקייט. אָט דער פּראָצעס פון קולטורעלער ירידה מוז אָפּגעשטעלט ווערן וואָס פריער.

3

מיר גלויבן בפירוש ניט, אַז דער גורל פון יידישן פאָלק אין די תפוצות ישראל איז ירידה און אונטערגאַנג. פאַרקערט, מיר זיינען איבערצייגט אַז אומגעהויערע גייסטיקע רעזערוון ליגן גרייט אין די טיפענישן סיי פון אונזער עלטערן דור, סיי פון אונזער יוגנט. מען מוז נאָר קענען מאָביליזירן זייערע כוחות מיט גלויבן און מיט געהעריקן צובונד צו אונזער עבר.

דערצו איז נויטיק ווידער אַמאָל צו באַטאָנען די אינערלעכע פאַרבונדנקייט און די גורל־געמיינשאַפט פון אונזער פאָלק איבער דער וועלט. אויף דעם גרויסן וועלט־אומפאַסנדיקן פראָנט פון אונזער קאַמף פאַרן קיום, איז היינט צו טאָג ישראל נאָר איין קאַמף־פּאָזיציע. דאָס פאָלק פירט דעמזעלביקן קאַמף אין אַנדערע פאָרמען, מיט אַנדערע מיטלען, אויך אויף די אַנדערע פּאָזיציעס פון דער וועלט. דער קאַמף גייט אָן ניט נאָר פאַר דער אויפהאַל־

טונג פון דעם פאָלקס־אָרגאַניזם, אין פּיזישן, פּאָליטישן, עקאָנאָמישן זינען, נאָר אויך פאַר דער פאַרטיפונג און דערהויבונג פון יידישן גייסטיקן און מאָראַלישן לעבן און שאַפן אומעטום.

מיר גלויבן דערפאַר אַז די ערשטע אויפגאַבע איז צו באַלעבן און צו פאַרשטארקן דעם שטראָם פון דער יידישער פאָלקס־קולטור. קולטור קען ניט באַדייטן, אין די היינטיקע פאַרהעלטעניש, מער ניט ווי בוך אָדער שול, טעאַטער אָדער מוזיק־אונטערנעמונג. אויך דאָס יידישע עפנטלעכע און פריוואַטע לעבן מוז ווערן אַריינגעצויגן אין דעם שטראָם פון באַנייטן קולטור־שאַפן. יידיש מוז זיין דער הויפּט־אינסטרומענט פון צוזאַמענאַרבעט אין אַלע יידישע פאָלקס־אינסטיטוציעס. „יידישקייט", אין וועלכן זינען מען זאָל זי ניט אויפפאסן, מוז ווערן אַריינגעפירט אין דער היים כדי צו פאַרפעסטיקן דעם אָרגאַנישן צוזאַמענבונד פון די דורות.

מיר גלויבן, אַז די יידישע קולטור אַנטהאַלט אין זיך שטרענגע יסודות פון פאָלקס־מאָראַל און לעבנס־שטייגער. דער אַגרעסיווער יידישער נאַציאָנאַליזם איז אין פולשטענ־דיקער סתירה צו די דאָזיקע יסודות. בויענדיק יידישע קולטור מיט ליבע און איבערגעבנקייט, ווילן מיר גלייכ־צייטיק זיין פאַרבונדן מיט די אידעאַלן און האָפענונגען פון דער פּראָגרעסיווער און אַרבעטנדיקער מענטשהייט. עס מוז אָנערקענט ווערן די חשיבות פון מענטש בכלל, ניט נאָר פון יידן, כדי יידישע קולטור זאָל צוזאַמענפליסן מיט דער קולטור פון דער וועלט.

מיר גלויבן אַז דאָס יידישע לעבן נויטיקט זיך אין אַ גרינדלעכער דעמאָקראַטיזאַציע. די גרויסע יידישע אינ־סטיטוציעס נעמען אָן באַשלוסן און פאַרוואַלטן מיט געלט־פאָנדן וואָס דערגרייכן כמעט מלוכה־מאַסשטאַבן, בעת די פאָלקסמאַסן האָבן נישט קיין קאָנטראָל איבער זיי. סיי די צדקה־אויפגאַבן סיי די אומצאָליקע אַנדערע פאָלקס־אויפגאַבן וועלן אַמבעסטן פאַרווירקלעכט ווערן ווען זיי וועלן זיין דורכגעפירט פון דעמאָקראַטיש געוויילטע קערפּערשאַפטן.

דער וואוקס פון יידישן באוואוסטזיין פאָדערט אַז אין דער יידישער עפנטלעכקייט זאָל באַפעסטיקט ווערן די פרייהייט פון געדאַנק און פון וואָרט. די פרעסע און די פאַרזאַמלונגען מוזן געעפנט ווערן פאַר מיינונגען און פאָר־שלאָגן פון מינדערהייטן און פון דעם יחיד. די אידעען פון יחידים און זייער שעפערישע איניציאַטיוו זיינען נישט ווייניקער ווערטפול ווי די באַשלוסן פון די תקיפישע מאַכט־אָרגאַניזאַציעס.

4

מיר, דער „פרייער יידישער קלוב", האָבן באַשלאָסן צו אַרבעטן פאַר די אויסגערעכנטע צילן. די איצטיקע תקופה פון דער יידישער געשיכטע איז אַ קריטישע. כדי זי זאָל אַרויספירן אונזער פאָלק צו אַ בעסערער צוקונפט, איז נויטיק קלאָרע דערקענטניש פון דער לאַגע און גע־טריישאַפט צום אמת. מיר רופן אַלעמען צוצושטייז צו אַזאַ אַרבעט פון זעלבסט־דערקענטעניש און גרייטשאַפט צו בויען און פאַרפולקאָמען דאָס יידישע לעבן אין ראַמען פון דער היינטצייטיקער וועלט.

מיר רופן צו ווערן מיטגלידער פונעם „פרייען יידישן קלוב", וועלכער שטעלט זיך, אין הסכם מיטן אויבנגע־זאָגטן, די ווייטערדיקע אויפגאַבן:

1) קעמפן פאַר הויבן דעם מאָראַלישן און גייסטיק־קולטורעלן מצב פון יידישן עפנטלעכן לעבן;

2) אַנטקעגנשטעלן זיך די טאָטאַליטאַרע אידעאָ־לאָגיעס און ליידנשאַפטן, אויך אַלע ענג־נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן אויף דער יידישער גאַס;

3) באַקעמפן אַלע טענדענצן פון „גלייכשאַלטונג" אין דער יידישער פרעסע, קעמפן פאַר פרייהייט פון וואָרט און אינפאָרמאַציע, פאַר טאָלעראַנץ צו מיינונגס־פאַר־שיידנהייטן אין יידישן עפנטלעכן לעבן;

4) באַקעמפן די טענדענץ מקריב צו זיין דאָס גאַנצע יידישע לעבן מיט אַלע זיינע אינסטיטוציעס — צום איינ־ציקן צוועק פון בויען ישראל; אָפּשטעלן דעם פּראָצעס פון זעלבסטליקווידאַציע אין די געביטן פון גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידן אין די תפוצות ישראל;

5) קעמפן פאַר דער פולער דעמאָקראַטיזאַציע פון אַלע יידישע עפנטלעכע אינסטיטוציעס, פאַר אַ גערעכטער פאַרטיילונג פון אַלע געלט־פאָנדן און זאַמלונגען, אַריינ־נעמענדיק אויך די אינסטיטוציעס פון יידישער דערצי־אונג און קולטור;

6) קעמפן פאַר די עפנטלעכע רעכט פון יידיש אין ישראל;

7) קעמפן פאַר דער חשיבות און אַקטיווער פאַר־שפּרייטונג פון יידיש אין עפנטלעכן לעבן אין אַמעריקע און אין אַלע תפוצות ישראל;

8) וועקן, פאַרטיפן און פּראָפּאַגאַנדירן נייע העכערע פאָרמען און פּרינציפּן אין דער היגער קולטור־געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט;

9) פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידעע פון יידישן קיום און המשך, פאַר אויפהאַלטן יידישע אייגנאַרטיקייט און לעבענשטייגער; באַקעמפן דעם אַרומיקן שיפלות־קאָמפּלעקס און יאוש־געפיל, דעם אומגלויבן אין דער שעפערישקייט פון די יידן און פון דער יידישער קולטור אין די תפוצות ישראל.

פאַר דעם „פרייען יידישן קלוב״

סעקרעטאַריאַט:

ד״ר ה. פראנק

ח. ש. קאזדאן

ד״ר י. נ. שטיינבערג

ניו־יאָרק, יאַנואַר 1950

19 וועסט 27טע גאַס.

## ווי אזוי האָט די יידישע פּרעסע רעאַגירט אויף דער גרינדונג פון „פרייען יידישן קלוב"

דער ערשטער פּרעסע־קאָמוניקאַט פון „קלוב" — אַ קורצע פּרינציפּן־דערקלערונג, אַרויסגעשיקט אין דער צווייטער העלפט פון אָקטאָבער 1949 — איז פון דער ניו יאָרקער פּרעסע נישט פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן. דער פאָרווערטס און דער מאָרגן זשורנאַל האָבן אים אינגאַנצן ניט אָפּגעדרוקט. דער טאָג האָט אָפּגעדרוקט אַ טייל (ניט דעם וויכטיקסטן) פון דאָקומענט, און אויך דאָס איז אונדז ניט אָנגעקומען גאַנץ לייכט . . .*

די ערשטע מעלדונג אין דער עפנטלעכקייט וועגן דעם „קלוב" איז געמאַכט געוואָרן אין אַן אַרטיקל פון וויליאַם צוקערמאַן, אַ מיטגרינדער פון „קלוב", אין זיין דזשואיש ניוס לעטער (פון 21טן אָקט. 1949), ווי אויך אין אַ נייעס־נאָטיץ פון זיין פּרעסע־

---

* דאָס איז דער טעקסט פונם פּרעסע־קאָמוניקאַט:

אין ניו־יאָרק איז לעצטנס געגרינדעט געוואָרן אַ „פרייער יידישער קלוב." די מיטגלידער פון דעם קלוב געהערן צו פאַרשידענע ריכטונגען און באַוועגונגען אין יידישן לעבן. עס ווערט ניט געשאַפן קיין נייע פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציע. דער קלוב וועט זיין אַ פרייע פאַרבינדונג פון מענטשן וואָס האָבן זיך געאייניקט אויף אַ געמיינזאַמער פּלאַטפאָרמע.

די פּלאַטפאָרמע גייט אַרויס פון דעם געדאַנק, אַז „ישראל פאַרנעמט איצט אַ צענטראַלן אָרט אין דער יידיש געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט." אָבער „אומאָפּהענגיק פון דעם ווי מען באַציט זיך צו ישראל, טאָר ניט פאַרנאַכלעסיקט ווערן די געזונטע אַנטוויקלונג פון די יידישע מאַסן אין די תפוצות ישראל."

דער פרייער יידישער קלוב שטעלט זיך אַזעלכע אויפגאַבן :

1) קעמפן פאַר הויבן דעם מאָראַלישן און קולטורעלן מצב פון יידישן עפנטלעכן לעבן.

2) אַנטקעגנשטעלן זיך די טאָטאַליטערע אידעאָלאָגיעס און לייזונג־שאַפטן, אויך אַלע ענג־נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן אויף דער יידישער גאַס.

3) באַקעמפן די טענדענץ פון „גלייכשאַלטונג" אין דער יידישער פּרעסע און קעמפן פאַר פרייהייט פון וואָרט און אינפאָרמאַציע.

4) באַקעמפן די טענדענץ מקריב צו זיין דאָס גאַנצע יידישע לעבן

בולעטין: „דזשואיש וואָרלד ניוס סערוויס". דערויף האָט איין צווייי ענגלישע קאָלומס פון טאָג געענטפערט דר. ש. מאַרגאָ־שעס מיט אַ טענה, אַז דער „פרייער יידישער קלוב" איז אַ נייער פראָנט פון די שונאי ציון, וואָס זיינען איצט ווידער אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. די אויפגאַבן פון „קלוב" זיינען מיט קיין איינציקן וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרן. אָבער אויף דער ענגלי־שער זייט פון זעלביקן נומער (30 אָקט.) זיינען געווען איבער־געדרוקט (פון דזשואיש ניוס לעטער) די נעמען פון די גרינדער פון קלוב. דאָס ווייזט, אַז די אמתע געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דער דערשיינונג איז אינגאַנצען איגנאָרירט געוואָרן, הגם זי שטייגט איבער די ראָלע פון דעם יחיד אָדער יענעם אָדער אפילו פון אַ גאַנצער גרופע.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט דער רעדאַקטאָר פון טאָג, מרדכי דאַנציס, אין אַן אַרטיקל „ביים ראַנד פון די געשעענישן", פאַרעפנטלעכט א כמעט פערזענלעכע אַטאַקע אויף איין מיטגליד

---

מיט אַלע זיינע אינסטיטוציעס בלויז צום צוועק פון ישראל; אָפּשטעלן דעם פּראָצעס פון זעלבסטליקווידאַציע אין די געביטן פון גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידן אין די תפוצות ישראל.

5) שטרעבן צו אַ פולער דעמאָקראַטיזאַציע פון אַלע יידישע עפנט־לעכע אינסטיטוציעס: צו אַ גערעכטער פאַרטיילונג פון אַלע היגע געלט־זאַמלונגען, אַריינגעמענדיק באַזונדערס די אינסטיטוציעס פון יידישער דערציאונג און קולטור.

6) קעמפן פאַר די עפנטלעכע רעכט פון יידיש אין ישראל, ווי אויך פאַר דער אַקטיווער פאַרשפּרייטונג פון יידיש אין עפנטלעכן לעבן אין אַמעריקע.

7) פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידייע פון יידישן קיום און המשך, פאַר דער אויפהאַלטונג פון יידישער אייגנאַרטיקייט און לעבנסשטייגער, ווי אַ וועלט־פאָלק וואָס מוז לעבן אין אַ פרייער פאַראייניקטער וועלט.

דער קלוב רופט אַלע די וואָס זיינען פאַראינטערעסירט און מסכים מיט זיינע הויפּט-אידייען, זיך אָנצושליסן אין אים. דער אַדרעס איז 19 וועסט 27-טע גאַס, ניו־יאָרק.

ציישווייליקער עקזעקוטיוו:

| | |
|---|---|
| א. כראבלאָוו | דר. ה. פראַנק |
| דר. ש. סיימאָן | י. פרעגער |
| ה. ש. קאַזדאַן | מ. קליגסבערג |

דר. י. נ. שטיינבערג

פון קלוב, וויליאַם צוקערמאַן, פּרעטענדירנדיק דערבײַ צו פּאָ־לעמיזירן קעגן דער נויטיקייט פון דער נייער קערפּערשאַפט. דער אַרטיקל איז געווען פול מיט אויסדרוקן ווי „מסירה־בלעטל", „באַנקראָטירטע בונדיסטן", „באָדנלאָזע טעריטאָריאַליסטן", „שונאי ציון" א. דגל. דער פּרעסע־קאָמוניקאַט פון „קלוב" איז נאָך אַלץ אין טאָג ניט געווען אָפּגעדרוקט.

אויפן בריוו פון א. כראַבלאָוו (דעם סעקרעטאַר פון „קלוב"), אין וועלכן דער רעדאַקטאָר ווערט צום צווייטן מאָל געבעטן אָפּצו־דרוקן דעם קאָמוניקאַט פון „קלוב", האָט מ. דאַנציס צוו. אַנד. אַזוי געשריבן (דעם 11טן נאָוו.):

„איך האָב דערהאַלטן אייער צושריפט. דאָס איז צום ערשטן מאָל וואָס איך האָב עס געקריגן אין רעדאַקציע. מיר וועלן עס אָפּדרוקן מיט פאַר־קירצונגען. אָבער דערלויבט מיר דערבײַ צו באַמערקן פאָלגענדעס:

עס איז אַן אַבסאָלוטער בלבול, אַז עס זײַנען פאַראַן „טאָטאַליטאַרע אי־דעאָלאָגיעס". עס איז ניט אמת, אַז עס איז פאַראַן דאָס וואָס איר רופט „גלייכשאַלטונג" אין דער יידישער פּרעסע. עס איז ניט אמת, אַז ס'איז פאַראַן אַ טענדענץ מקריב צו זײַן דאָס גאַנצע יידישע לעבן מיט אַלע זײַנע אינסטיטוציעס פאַר ישראל."

אַ בריוו פון וו. צוקערמאַן, אַלס ענטפער אויף דר. מאַרגאָשעס, צוויי ענגלישע קאָלומס, האָט דער טאָג ניט געוואָלט דרוקן. ער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין וו. צוקערמאַנס ניוס לעטער פון 25טן נאָוו. 1949.

ערשט אַ פּאָר וואָכן נאָך דער גיפטיקער פּאָלעמיק קעגן דעם „קלוב" אין טאָג, איז דאָרט אָפּגעדרוקט געוואָרן די צוויי אײַנ־פירונג־פּאַראַגראַפן פון דעם פּרעסע־קאָמוניקאַט צוזאַמען מיט די זיבן אונטערשריפטן פון די גרינדער.

מיט דער זעלביקער מעטאָדע פון לייקענען שטיין און ביין איז אויך אַרויסגעטראָטן אין אידישן קעמפער (אָרגאַן פון די רעכטע פּועלי־ציון) שלמה ביקל — אין אַן אַרטיקל „ד י ג ע ק ר י ו ו ־ ד ע ט ע מ י נ ד ע ר ה י י ט" (נומ. פון 4טן נאָוו.). ניט מער אָביעקטיוויטעט און טאָלעראַנץ האָט אַרויסגעוויזן מ. ריבלין (מאָרגן זשורנאַל פון 31טן אָקט.). אין זײַן אַרטיקל: „מיטלען וואָס ווערן גענוצט אין קאַמף קעגן ישראל" אַטאַקירט ער אייגנטלעך דעם „קאָונסיל אָוו דזשודאַיזם", אָבער אין אַ פּאָר באַליידיקנדיקע ווערטער פאַרטשעפּעט ער „עפּעס אַ יידישן פרייען קלוב אונטער אַ מאַסקע פון דעמאַגאָגיע".

אין אַ סך ענגליש־יידישע אויסגאַבן און צייטשריפטן אין יידיש (פר. אַרב. שטימע, וועקער, אויפן שוועל א. אַנד.) איז דער פרעסע־קאָמוניקאַט פון „קלוב" שוין געוואָרן אָפּגעדרוקט. בלויז איין אָרגאַן פון אָט־דער לעצטער קאַטעגאָריע — די „נעשאָנאַל דזשואיש פּאָסט" פון אינדיאַנאַפּאָליס, איז אַרויסגעקומען מיט אַ געשריי אַז די גרינדער פון קלוב זיינען „שונאי ציון". פון דער צווייטער זייט איז וו. צוקערמאַנס אַרטיקל (ניוס לעטער, 21 אָקט.) איבערגעדרוקט געוועזן אין „אמעריקאַן היבריו" (ניו יאָרק), „אמעריקאַן דזשואיש אַוטלוק" (פּיטסבורג) „סענטינעל" (שיקאַגאָ), „דזשואיש קראָניקל" (דעטראָיט), „איזראַעליט פּרעס" (וויניפּעג) א. אנד. אויך די ניו־יאָרקער רוסישע טאָג־צייטונג „נאָוואָיע רוסקאָיע סלאָווא" האָט אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ וועגן דער גרינדונג פון קלוב (27 נאָוו.).

אויך אין עטלעכע ניט־אַמעריקאַנישע לענדער האָט די גרינדונג פון „קלוב" געפונען אַ פּרעסע־אָפּקלאַנג.

אין תל־אביבער הארץ (28 אָקט.) שרייבט דער ניו יאָרקער קאָרעספּאָנדענט , משה מדזיני, וועגן דעם „פרייען יידישן קלוב" אַלס אַ צייכן (איינעם צווישן פילע) פון דער „נייער אָפּאָזיציע" אין דער יידישער אמעריקע קעגן דער העגעמאָניע פון ישראל איבער אַלע ישובים פון די תפוצות.

אין קולטור לעבן, אָרגאַן פון „יידישן קולטור צענטער" אין מעקסיקע, (אויגוסט־סעפּטעמבער 1949) איז איבערגעדרוקט די ערשטע פּרינציפּן־דערקלערונג פון „קלוב" מיט דער באַמערקונג אַז דער „יידישער קולטור־צענטער" אין מעקסיקע שליסט זיך אָן אין דער אַרבעט פון קלוב און איז גרייט מיטצוהעלפן מיט אַלץ וואָס וועט נאָר זיין אין זיינע מעגלעכקייטן. דערביי ווערט אויסגעדריקט דער וואונטש, אַז ענלעכע קלובן זאָלן געגרינדעט ווערן וואו נאָר ס׳געפינען זיך יידן און זאָלן דורכפירן אַ פּאַרצווייגטע, ראַציאָנאַלע און פרוכטבאַרע קולטור־אַרבעט.

די בועְנאָס איירעסער פרייהייטלעך־סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפט די וועלט (דעצעמבער 1949) דרוקט איבער פון דער פר. אַרב. שטימע (11טער נאָוו.) דעם „קלובס" קאָמוניקאַט און באַמערקט דערביי: „די אויפמערקזאַמע לייענער פון די וועלט וועלן תיכף באַמערקן, ווי וואונדערלעך די אויפגאַבן פון דעם דאָזיקן קלוב פאַלן צוזאַמען מיט אונדזערע וואונטשן. — אין אַ מזלדיקער שעה, חברים און פריינט פון פרייען יידישן קלוב!"

פון אָט דער איבערזיכט איז קלאָר צו זען ווי אומטאָלעראַנט, איינזייטיק־פּאַרטייאיש און באַהערשט פון טאָטאַליטאַרע טענ־

דענצן איז די טעגלעכע יידישע פרעסע אין ניו יאָרק. דער „פאָר־ווערטס"', א צייטונג וואָס שטייט אויף אַ פּלאַטפאָרם פון דעמאָ־קראַטישן סאָציאַליזם, לאָזט אפילו נישט צו, מ׳זאָל דורך אים באַ־קאַנט מאַכן די עפנטלעכקייט מיט דער גרינדונג פון אַזאַ דעמאָ־קראַטיש־פּראָגרעסיווער קערפּערשאַפט ווי דער „קלוב". די אַנ־דערע צוויי טעגלעכע צייטונגען אין ניו יאָרק לאָזן זיך אַריין אין אַ פאַרפירערישער פּאָלעמיק, ניט וועלנדיק קודם־כּל באַקענען די לעזער מיט די אויפגאַבן און צילן פון קלוב. אַזוי פאַרשטייען אָט־די זשורנאַליסטן און פּאַטענטירטע וואָרטזאָגער דעם פּרינציפּ פון פ ר י י ע ר פ ר ע ס ע און די גרונט־עיקרים פון דעמאָ־קראַטיע. זייער ריכטיק האָט באַמערקט מלך ראַוויטש (פר. אַר. שט. פון 23טן דעצ. 1949), אין שייכות מיטן אַרטיקל פון מ. דאַנ־ציס, וואָס איז שוין דערמאָנט געוואָרן פריער:

זיין אייגענער אַרטיקל, זיין אייגענער קאַמפּס־מיטל קעגן דעם שוואַכ־סטן אפילו אויסדרוק פון אַנדערשקייט אויף דער יידישער גאַס, וואָס איז די גרינדונג פון דעם „פרייען יידישן קלוב", איז דער בעסטער סימן, אַז עס זיינען טאַקע בפירוש פאַראַן טאָטאַליטאַרע טענדענצן אויף דער יידישער גאַס.

יאָ, דער אופן ווי אַזוי די „גרויסע" יידישע פרעסע האָט רעאַ־גירט אויף דער שאַפונג פון דעם נייעם „קלוב" — ווער און וואו מען האָט אָט־די דערשיינונג פאַרשוויגן, און ווער האָט געהאַט צו זאָגן אַ וואָרט, און — דאָס איז דער עיקר! — ווי אַזוי דאָס וואָרט איז געזאָגט געוואָרן — דאָס אַליין גיט צו נאָך אַ באַווייז, און אַ וואָגיקן און וויכטיקן באַווייז, אַז די גרינדונג פון אונדזער פרייען יידישן קלוב איז אַ צייטיקער און דרינגנדיקער חוב פון דער יידי־שער עפנטלעכקייט.

פּ.

(לעזט אויך דעם בולעטין נומ. 1 פון „פרייען יידשן קלוב")

# אינהאַלט



WALDON PRESS, INC.
203 WOOSTER STREET—NEW YORK 12, N. Y.

341

